טיגע און שטארקע זיילען, וואָס האַלטען־אויף די גאַנ־צע געביידע פון יודענטהום; די ליכט — תורה, דער טיש — כשרות, און דאָס בעט —טהרת המשפחה, דאָס ריינע אידישע פאַמיליען־לעבען. דיזע דריי זאכען האָבען אויפגעהאַלטען דעם אידען אין אַלע צייטען און האַלטען איהם אויך יעצט צוגעבונדען צו זיין רעליגיאָן און זיינע הייליגע קבלות.

דער נאַציאָנאַלער גייסט, די וואונדערבאַרע פע־היגקייטען, די גוטע זיטען, מיטלייד און ערבאַרעמקייט אויף די אונגליקליכע, דאָס כשר'ע ריינע און נאָבעלע פאַמיליען־לעבען — די אַלע ברילליאַנטען זיינען איינ־געפאסט אין דעם שבת. א הייליגער צויבער ליגט אין דיזען וואָרט; עס בעצויבערט דעם אָרימען אידען, עס פערוואַנדעלט איהם אין א פירסט, זיין אומגליקליכע ליידענדע פרוי — אין א פירסטין, זייערע אָרימע שוואַכע קינדערלאַך — אין פרינצעלאַך; זיי ווערען אַלע ניי־געבאָרען; נייע, שפּאָגעל־נייע נשמות בע־לעבען און ערמונטערען זייערע קראַנקע און פערמאַ־טערטע קערפּערס. זייערע קליינע שולכעלאַך און מנינים ווערען פערוואַנדעלט אין טעמפּלען. א הייליגעם ליכט בעלייכט זיי; מיט ערהאַבענע הימלישע גע־פיהלען זינגען זיי דעם „לכו נרננה", מיט בעגייסטע־רונג דעקלאַמירען זיי דעם „לכה דודי" און מיט פרעהליכע הערצער געהען זיי בעגריסען מיט דעם אַל־

טען הייליגען גרום: „גוט־שבת!" זייערע פאמיליעס, וועלכע ערווארטען זיי מיט אונגעדולד. — — —

און דער תנא ר' יוסי מיט זיין רייכער פאנטאזיע בעגלייט דעם אידען פון שול מיט צוויי מלאכים. ער ווענדעט זיך צו זיי, צו די מלאכים פון מנוחה פון שמחה און צופריעדענהייט מיט א „שלום עליכם, מלאכי השלום!"; ער זאגט דעם „שלום עליכם" מיט א מונטערע שטימע, ער בעגריסט זיי און בעט זיי — „ברכוני לשלום", זיי זאלען איהם בענשען איידער זיי שיידען זיך מיט איהם, און נאכהער ווענדעט זיך דער שבת־פירסט צו דער שבת־פירסטין מיט דעם ברי־ליאנטענעם „אשת חיל". וואס דער ריכטער, קעניג שלמה, האט געווידמעט צו זיין מוטער בת־שבע. אה! וויפיעל הייליגקייט, ליעבע, רייכע און ערהאבענע גע־פיהלען ליגען אין דיזען פראכטפאלען שיר „אשת חיל מי ימצא"! נאכהער פאנגט זיך ערשט אן דער פיר־סטליכער ערשטער מאהלצייט! אין א ריינעם פערגאל־דעטען זילבערנעם בעכער גיסט ער אן דעם ריינעם וויין מאכט דעם שבת'דיגען קידוש, צוטהיילט דעם וויין פיר זיך זעלבסט, פיר דער פירסטין, פיר די קליינע פרינצעלאך.

גאר עפעס א בעזונדערער געשמאק איז אין די שבת'דיגע מאכלים: אנדערש שמעקען די פיש, פראכטפאל איז די לאקשען־זופ, דער טעם פון גן־עדן

איז אין דעם צימעס. די פאמיליע עסט צוזאמען מיט אפעטיט, זייערע הערצער זיינען פרעהליך, די אויגען גלאנצען מיט דעם הייליגען גלאנץ פון ליעבע, און דאס גאנצע הויז איז אנגעפילט מיט רוה, פרייד און וואהרע גליקזעליגקייט אויף אזוי ווייט, אז דער מלאך רע, דער שלעכטער מלאך פון קנאה, שנאה, קאפריז און ניט־פערגינען, זאגאר דיזער ביטערער, גרויזאמער מלאך, וועלכער פערפינסטערט דעם מענשען׳ס לעבען, מוז אויך אנשוויגען ווערען און מוז ניט־ווילענדיג ענט־פערען „אמן" אויף דעם גוטען מלאך׳ס „יהי רצון".— גליקליך איז דער שבת־פירסט, דער וואהרער שומר־שבת, וועלכער גיט אב א זיעבעטע טהייל פון זיין לע־בען פיר זיין נשמה, פיר זיין תורה, פיר זיין גייסט און אידעאל. און יעדען שבת, ווען ער קומט אהיים און גע־פינט די ליכט ברענען, דער טיש געגרייט און זיין בעט אין ארדנונג, ווינשען איהם די גוטע מלאכים ער זאל דעם צווייטען שבת אויך אזוי פייערען. זיי גיבען איהם קרעפטען צו ארבייטען די קומענדע זעקס וואָ־כעדיגע טעג. און אזוי לעבט ער אב זיין לעבען גליק־ליך און צופריעדען. — — —

אומגליקליך איז אבער דער יעניגער, וואס ברעכט נור איין מאל זיין שבת: די ליכט — ניט אנגעצונדען, דער טיש — ניט געגרייט, זיין בעט — ניט אין ארד־נונג; עס ווערט צושטערט זיין פאמיליען־לעבען, די נשמה יתרה שטארבט אפ; קיין רוהע, קיין פריעדען,

קיין פרייד — דער שלעכטער מלאך אָדער די שדים ומחבלים פון צאנקעריי, אונצופריעדענהייט, האס און אייפערזוכט רואינירען איהם. זיי ווינשען איהם ער זאָל איבער אכט־טאָג דעם שבת אויך קיין בעסערען ניט האָבען. און די גוטע מלאכים מוזען ניט־ווילענדיג ענט־פערען „אָמן", ווייל אזוי שנעל ווי ער ברעכט נור אַפּ איינמאָל די הייליגקייט פון שבת, איז שוין אלעס פער־לאָרען: דאָס ליכט פון יודענטהום ווערט פערלאָשען אין גאנצען.

ביי אונז אין ניו־יאָרק האָט די פרינצעסין־שבת, ליידער, פערלאָרען איהר חן; ניטאָ די אמת'ע בעגייס־טערונג, ניטאָ די אמת'ע הייליגקייט אפילו ביי די זאָ־גענאנטע פרומע, אָרטאָדאָקסישע אידען; ניטאָ די נשמה יתרה, ניטאָ דאָס געטליכע, פאטריארכאלישע פערגעניגען פון דעם פרייטאָג־צו־נאכט. די שוהל, דער פרעזידענט מיט זיינע טראָסטיעס, די חזנים מיט די „לכה־דודי'ס", דער שנדר'ן מיט די עליות, דאָס איז אלעס טרוקענע אָדער איבערגעפוילטע נאָכמאכונגען, „אימיטיישענס", וואָס שמעקען בלויז מיט אמעריקאַ־נער ביזנעס.

ווי איבעראשט בין איך געוואָרען דעם ערשטען פרייטאָג־צו־נאכט, ווען איך בין געקומען אין ניו־יאָרק און איך בין געגאנגען דאווענען אין איינע פון די היגע גרויסע שוהלען. דער חזן האָט געזונגען „ושמרו בני

ישראל את השבת" מיט א גרויסען כאָהר, און ביי
דעם אריינגאַנג זיינען געשטאַנען א מחנה קליינע קינ־
דער און האָבען פערקויפט צייטונגען. די קינדערלאַך
אָבגעריסענע, באָרפיסע, ציטערען פון קעלט און שריי־
ען מיט קולות: „צוויי צייטונגען פאַר איין סענט!"—
דער „טאָג" און דער „אבענד" פיר איין פעני!... און
די אריינגעהער, און די ארויסגעהער קויפען די בלעטער
מיט גרויס פּליים. פון שוהל קלינגט אַפּ דעם חזן'ס
הויכע און מעכטיגע שטימע, און דער כאָהר ענטפערט
נאָך איהם: „כי ששת ימים עשה ד' את השמים ואת
הארץ וביום השביעי שבת וינפש"!

שבת־פריה, נאָך דעם „דאַווגען", בין איך געגאַנ־
גען פון שוהל אין ברום קאָרנער נאָרפאָלק סטריט פער־
ביי א סאָדאַ־וואַסער סטענד. אַן אַלטער איד איז גע־
זעסען ביים סטענד; אויף זיין געזיכט איז נאָך געלע־
גען דער היימישער פרומער מאַן; אין זיינע קנייטשען
אויפ'ן שטערן האָבען נאָך דורכגעשיינט די תלמודישע
ערקלעהרונגען און פּלפּולים, אין וועלכע ער האָט זיין
גאַנצען לעבען פערבראַכט. ער זיצט אומעטיג, האַלט
איין חומש און איז מעביר די סדרה „שנים מקרא ואחד
תרגום" און זינגט־צו שטילערהייט מיט'ן טראָפּ דעם
פּסוק: „ששת ימים תעשה מלאכה ויום השביעי שבת
לה' אלהיך!" — „מיט לעמאָן?", „מיט סטראָבע־
רים?" — פרעגט דער אַלטער איינעם, וואָס איז צו־
געגאַנגען צו דעם סטענד קויפען א גלאָז וואַסער...

אין מיין ערשטער וואהנונג אין ניו־יארק האט געוואהנט אן אלטער פרומער איד. ער אליין האט שוין גאר נישט געטהאן, זיינע קינדער האבען געארבייט און האבען איהם ערנעהרט. שבת פריה איז ער אויפ־געשטאנען, האט מעביר געווען די סדרה און געלערענט א פרק משניות. און ווען דער זייגער האט באלד גע־שלאגען „זעקס", איז ער ארייננעגאנגען אין שלאף־צימער און האט אויפגעוועקט די קינדער צו דער אר־בייט:

„סעמי, טשאלי, דזשעני, מיימי! שטעהט אויף, עס איז שוין ניט פריה, עס איז צייט געהן צו דער אר־בייט, עס הערט זיך באלד דער וויסעל! עס הערט זיך באלד דער וויסעל! שטעהט אויף, קינדער! איך געה אין שוהל אריין!".

טרויעריג, די הייליגע רוה פון שבת איז פערניכ־טעט געווארען און מיט איהר איז אויך אונזער לע־בענס־רוה פערשטערט געווארען. אויף זייער ארט הא־בען מיר דערפאר בעקומען אומרוהיגקייט, קומער, זארג און טומעל.

„לא שלותי ולא שקטתי ולא נחתי ויבא רגז!".

# תצוה

„ואתה תצוה את בני ישראל ויקחו אליך שמן זית זך כ ת י ת ל מ א ו ר להעלות נר תמיד — חקת עולם לדרותם מאת בני ישראל" (שמות כ"ז).

„שמן זית זך כ ת י ת ל מ א ו ר: זית רענן יפה פרי תואר קרא ד' שמך, מה הזית הזה עד שהוא באילנו, מגרגרין אותו, ואחר כך מורידין אותו מן הזית ונחבט; ומשחובטין אותו מעלין אותו לגת, ונותנין אותו במטחן ואחר כך טוחנין אותו, ואחר כך מקיפים אותם בחבלים ומביאין אבנים ואחר כך נותנין את שמנו, כך ישראל, באין אומות העולם וחובטין אותן מ מ ק ו ם ל מ ק ו ם וחובשים אותם וכופתים אותם בקילורין ומקיפים אותם טרטיוכלין, ואחר כך עושים תשובה והקב"ה עונה להם".

(רבה תצוה).

א לאַגישען פּאָעטישען פּאַראַלעל ציהט דער מדרש צווישען ישראל און די אוילבערטען (מאַסלינעס).

„גרינער אוילבערט־בוים, וואָס איז פול מיט

שעהנע אוילבערטען, האָט גאָט דיך אָנגערופען" — האָט ירמיה הנביא געזאָגט.

„פּונקט ווי מען בעגעהט זיך מיט דעם אוילבערט בעגעהט מען זיך אויך מיט דיר" — זאָגט דער מדרש — „אַזוי ווי די אוילבערטען, ווען זיי זיינען נאָך אויף דעם בוים, נעהמט מען זיי אַרונטער און מען פּרעסט זיי, נאָכהער נעהמט מען זיי אין קעלטער און מען בינט זיי אַרום מיט שטריק און מען לייגט אָן גרויסע שטיי־נער אויף זיי, דאַן גיבען זיי אַרויס דעם בוימאייל, אַזוי איז מיט די אידען צווישען אַלע נאַציאָנען: מען יאָגט זיי פון איין אָרט צום צווייטען, מען בינט זיי מיט שטריק, מען שמידט זיי אין קייטען, מען פּרעסט זיי מיט פערשיעדענע דריקונגען, נאָכהער צייגען זיי זייער קראַפט און רופען צו גאָט און ער ענטפערט זיי"...

און ווי ריכטיג און ערהאַבען איז דיזער פּאַראַ־לעל, אַזוי ווי דער אוילבערט גיט ניט אַרויס זיין בוימ־אייל נור ווען מען דריקט איהם — דאָס הייסט, ווען „כתית" דאַן איז „למאור", אַזוי איז מיט די אידען— ווען זיי ווערען געדריקט און געשטויסען, דאַן לייכטען זיי מיט זייער הערליכער געטליכער פּראַכט און גלאַנץ.

און מיט דעם „כתית", מיט דעם דריקען און שטויסען איז פערנומען אונזער גאַנצע געשיכטע זייט מיר זיינען געוואָרען אַ נאַציאָן ביז צום היינטיגען טאָג.

ווען מיר עפענען אונזער תנ״ך און מיר לעזען אונזער געשיכטע פון אָנפאַנג אָן נאָך אין דער פּעריאָ־דע, ווען מיר זיינען געווען אַ פרייע רעפובליק אין דער „תקופת השופטים״, זעהען מיר די גאַנצע צייט די צוויי פּסוקים:

דער ערשטער פּסוק לויטעט: „ויעשו בני ישראל הרע בעיני ד׳ ויתנם בידי כושן רשעתים״, דאָס איז „כתית״.

דער צווייטער זאָגט אַזוי: „ויצעקו בני ישראל לד׳, וישלח להם מושיע ושופט״, דאָס איז „למאור״.

„און די אידען האָבען געטהאָן שלעכטעס אין די אויגען פון גאָט, האָט ער זיי איבערגעגעבען אין כושן רשעתים׳ס הענד זיי זאָלען די אידען מאַטערן, פּלאָגען און דריקען (כתית). און די אידען האָבען געשריען צו גאָט, האָט ער זיי געשיקט אַ העלפער און אַ ריכטער, וועלכער האָט זיי געהאָלפען און בעלויכטען זייער פינסטערניש (למאור)״.

און אַזוי געהען דיזע צוויי פּסוקים אין דער גאַנ־צער געשיכטע שוין טויזענדער יאָהרען און אַזוי בייַ־טען זיי זיך כסדר: פריהער קומט כתית און נאכהער — למאור. מיר ברויכען נור איבערבייטען די נעמען פון דעם אונטערדריקער און דעם העלפער, דעם פערפינסטערער און דעם בעלייכטער — אָבער אַלץ נאָר דער זעלבער „כתית״ און דער זעלבער „למאור״.

אנשטאט כושן רשעתים מוזען מיר אריינשטע־לען מדין, עמלק, פלשתים, אשור, בבל, פרס און רומא, רומיניא — די אלע נאציאנען האבען אונז געמאכט דעם פיער־טויזענד־יאהריגען כתית.

אנשטאט עתניאל בן קנז דער ערשטער אידי־שער ריכטער און העלפער מוזען מיר כסדר בייטען די נעמען: אהוד, דבורה, גדעון, שאול, דוד, יחזקיהו, זרובבל, יהודה המכבי, בר־כוכבא, אברבנאל, מנשה בן ישראל, מאנטעפיארע, קרעמיע, הערצעל און נארדוי — אט דיזע אלע אידישע העלדען האבען געמאכט אונ־זער היסטארישען „למאור". „להעלות נר תמיד": זיי זיינען ערשיענען אין פערשיעדענע צייטען, בע־לויכטען אונזערע אויגען און האבען אונז אריינגעגע־בען נייעם כח, פרישע ענערגיע און מוטה צו קעמפפען און בעקעמפפען אין גאנצען דעם שרעקליכען כתית, ביז דער ריינער בוימאייל וועט ערשיינען פאר דער גאנצער וועלט.

און דער תלמוד לערנט אונז ווייטער מיט דיזע ווערטער:

„ישראל נמשל לזית, כי כל המשקין מתערבים זה עם זה, השמן אינו מתערב אלא ע ו מ ד ע ל י ו; כל ישראל אינם מתערבים עם אומות העולם, שנאמר: „לא תתחתן בם".

ישראל ווערט געגליכען צו דעם בוימאייל: אלע געטרענקע קענען מיר אויפמישען איינעם מיט דעם

אנדערען, אָבער דער בוימאייל מישט זיך ניט אויף מיט קיין געטראַנק, ער בלייבט פון אויבען. — אַזוי זיינען די אידען: זיי מישען זיך ניט אויף מיט קיין אנדער נאַציאָן, ווייל עס איז זיי פערבאָטען געוואָרען זיך מתחתן צו זיין מיט די אומות־העולם.

אָה, פיעל זיינען געוועזן די לייט, וואָס האָבען זיך בעמיהט אויפמישען אָדער אַסימילירען דעם אידען מיט אנדערע פעלקער. זיי האָבעןווירקליך גערעכענט, אַז מיט דער מיתת נשיקה, דורך אַסימילאַציאָן, וועלען זיי אויסלייזען דעם אַלטען אומגליקליכען וואַנדערער פון אַלע זיינע שמערצען און ליידען; זיי האָבען גע־רעכענט, אַז עס איז פיעל בעסער פיר דעם אידען צו שטאַרבען א רוהיגען טויט ווי לעבען א געפּלאַגטען לעבען אַלס וואַנדערער אין נויט, מאַנגעל, הונגער און שאַנדע. אַלע מיטלען האָבען זיי אָנגעווענדעט אויסצור־פיהרען זייער געדאַנק, אָבער עס האָט זיי ניט געהאָל־פען. אַזוי ווי דער בוימאייל קען זיך ניט אויפמישען מיט קיין אַנדער געטראַנק, אַזוי קענען זיך די אידען ניט אַסימילירען מיט אַן אַנדער פאָלק: ווי עס קומט נור די תקופה פון „כתית״, פון אונטערדריקונג און צוואַנג, אַזוי שיינט אַרויס ווייטער א נייער „למאור״. דער נאַציאָנאַלער גייסט ווערט אויפגעלעבט פון דאָס ניי, דאָס יודענטהום ווערט פערשטאַרקט מיט פרישע קרעפטען. די טרוקענע ביינער זאַמלען זיך אויף און ווערען פערוואַנדעלט אין סקעלעטען, נייע מוסקולען

מיט נערוועז ווערען אויף די סקעלעטען אנגעצויגען, נייע הויט בעציהט די קערפערס, און א לעבעדיגער גייסט בעלעבט זיי און שטעלט זיי ווידער אוועק אויף די פיס!

מיט אונזערע אויגען האבען מיר, רוסישע אידען, געזעהען און דורכגעלעבט די פערשיעדענע עפאכען:

אין אלעקסאנדער דעם צווייטענס צייט האבען אונזערע אסימילאטארען געארבייט גאנץ פלייסיג. זיי האבען מיט אלע קרעפטען, מיט פיזישע און מאראלי־שע „אברוסירט" דעם יונגען דור, זיי האבען אנגע־נומען די רוסישע זיטען, די רוסישע מאניערען און אלע זייערע מנהגים אין לעבען; זיי האבען דעם נאמען איד פערלייקענט, די אידישקייט פערווארפען, די הייליגע שפראך פערגעסען און האבען געמיינט, אז דא איז שוין די ענדע.

אבער ווי ענטוישט איז די חברה געווארען, ווען אלעקסאנדער דער דריטער איז ארויף אויף'ן רוסישען טהראן און דער שרעקליכער „כתית", די פאגראמען פון 1882 האבען זיך אנגעפאנגען. דאן זיינען זיי ווי צומישט געווארען, און עס איז באלד ערשיענען א נייער „למאור" אין דעם אידישען לאגער. דאס הייליגע נאציאנאלע געפיהל האט זיך ערוועקט מיט א גע־ליכער קראפט אין די הערצער פון דער אידישער יו־גענד — און פרומע און פרייע, רבנים און דאקטוירים, דיינים און יוריסטען, ישיבה־לייט און סטודענטען הא־

בען צוזאַמען אויפגעהויבען די ציוניסטישע פאָהן מיט א הייליגען ענטהוזיאַזמוס!

דר. פינסקער מיט רבי שמואל מאָהליווער זיינען די גרינדער פון דער ערשטער קאַטאָוויצער אסיפה פון די „חובבי ציון"; די חארקאָווער סטודענטען האָבען פערלאָזען די אוניווערזיטעט און אַ גאַנצע מחנה האָבען אויף זייערע הענט אָנגעטהאָן רינגען, אויף וועלכע עס זיינען געווען אויסגעקריצט די בוכשטאַבען „ב. י. ל. ו.", דאָס מיינט: „בית יעקב לכו ונלכה!": — „יעקב'ס קינדער! קומט, לאָמיר געהן!", און זיי זיינען אַוועקגעגאַנגען, צוריק צו זייער מוטער „ציון", דאָרט דאָס הייליגע לאַנד צו בעאַרבייטען. דיזע געבילדעטע יונגע פּיאָנירען זיינען עס די גרינדער פון דער בעריהמטער קאָלאָניע גדרה אין ארץ ישראל!

אָט אזוי איז נאָך דעם „1882-טען" רוסישען „כתית" געבאָרען געוואָרען דער ערהאַבענער ציוניסטישער „למאור" און האָט בעלויכטען די גאַנצע אידישע נאַציאָן. דער בעריהמטעסטער אידישער דענקער און פילאָזאָף „אחד העם" האָט מיט זיין ליטעראַרישער קראַפט צוזאַמענגעקליעבען די בעסטע קרעפטען פון פאָלק און האָט געגרינדעט די חברה „בני משה", וועלכע האָט זעהר פיעל געלייסטעט פיר דער ענטוויקלונג פון דער ציוניסטישער בעוועגונג.

דער „למאור" האָט דורכגעדרונגען מיט זיינע שטראַהלען אויך אין מעריב־זייט פון אייראָפּא און ער

האָט אונז אויפגעשטעלט נייע העלפער און פּאַרקעמפּ־
פער אין די גרויסע פּערזאָנען פון דר. הערצעל און
דר. נאָרדוי; די גרויסע ליכטער האָבען בעשאַפען
דעם ערשטען באַזעלער קאָנגרעס אין יאָהר 1897. און
דיזע קאָנגרעסען, האָפען מיר, װעלען אונז ברײנגען צו
דער שטופע, װען מיר װעלען שוין ניט ברויכען מעהר
קײן „כתית" צו אונזער „למאור".

אין אונזער נײעם פאַטערלאַנד, אין אַמעריקא,
װאו מיר האָבען ניט, גאָט צו דאַנקען, דעם „כתית",
אויך דאָ האָבען די שטראַהלען פון דעם „למאור"
אַריינגעדרונגען אין די אַסימילאַטאָרישע קרײזען, און
דער נאַציאָנאַליזמוס אונזערער האָט געהאַט אַ גרויסען
זיעג איבער דער פּעררעטערישער אַסימילאַציאָן.

אין דעם גרויסען, רײכען און שטאָלצען טעמפּעל
„עמנואל", אין דער שטאַרקסטער פעסטונג פון דעם
רעפאָרם־יודענטהום אין אַמעריקא, אין דעם טעמפּעל
װאו די צעהן־פופצעהן טױזענד דאָלאַרדיגע ראַבביים
האַלטען אין איין פּראָפּאַגאַנדירען די זעלבסט־פערניכ־
טונגס אידעע, אַז אידען זײנען קײן נאַציאָן, קײן בע־
זונדערע ראַסע, נור אַ סעקטע פון אַן אַלטען גלױבען
אָהנע מעשים, װאָס זײער צװעק איז נור פערשפּרײטען
גלױבען אין מאָנאָטהעאיזם (אחדות הבורא) איבער
דער גאַנצער װעלט; אין דעם טעמפּעל, װאו צום סדור
האָבען זיך, רח"ל, צוגעטשעפּעט באַצילען פון רע־
פאָרם־טובערקולאָזים און האָבען איהם געפרעסען

בלאַט פאַר בלאַט, ביז אין איהם איז ניט געבליעבען קיין זכר פון „ציון", קיין ברעקיל פון „ירושלים", קיין סימן פון נאַציאָנאַלע האָפנונגען; אין דעם טעמפּעל, וואו דער סדור איז נעביך איינגעדאַרט געוואָרען גאָר ניט צו דערקענען, ער איז פערוואַנדעלט געוואָרען אין אַ קליינעם ענגלישען „פּרעיער־בוק"; אין דעם טעמ־פּעל, וואו צו די טענער פון אַ גרויסען אָרגאַן שרייען אוים קריסטליכע מיידלאַך דעם אידישען „שמע ישראל" מיט אַן אירישען אַקצענט, — אין דיזען טעמפּעל האָט געטראָפען די לעצטע צייט אַ פאַל מיט איינעם פון זיינע רייכסטע טראַסטיעס. ווענמען'ס טאָכ־טער איז, רח"ל, קראַנק געוואָרען אויף דער אַמעריקאַ־נער מיליאָנערישער קראַנקהייט, אויף אַ היסטערישער ליידענשאַפט צו בעקומען אַ טיטול פון אַן אייראָפּע־אישע גרעפין — און זי האָט חתונה געהאַט פאַר אַ שווייצאַרישען קאַטוילישען גראַף. און דער נעגאַטיוו מיט דעם פּאָזיטיוו זיינען דאָ צוזאַמענגעקומען — דער רעפאָרם־יודענטהום מיט דעם קאַטאָליציזמוס האָבען זיך בעגעגענט און דער גליקליכער אידישער מיליאָ־נער, וועלכער איז איינער פון די יעניגע בעלי־טובות, וואָס האַלטען אין איין שרייען צו די איינגעוואַנדערטע אידען: „אַמעריקאַניזירט זיך, ווערט גוטע סיטי־זענס!" האָט זיך אַליין „אייראָפּעאיזירט" און האָט אוועקגעגעבען זיינע אַמעריקאַנער מיליאָנען מיט זיין טאָכטער צו דעם קאַטוילישען אייראָפּעאישען גראַף.—

אין דיזען טעמפעל האט אויך אריינגעשיינט דער נא־ציאנאלער „למאור", זיינע שטראהלען האבען אריינ־געדרונגען אין דעם רייכען טעמפעל און מיט זיין גאנ־צער מאכט איז דער טאלאנטפאלער ראביי דר. יהודה לייב מאגנעס, ארויסגעטראטען געגען דעם היינט־מאדישען אמעריקאנער „סנבלט". ער איז ארויס־געטראטען מיט אזא קראפט, ווי אונזער פירסט נחמיה התרשתא איז ארויסגעטראטען געגען סנבלט התורני וטוביה העמוני, די אסימילאטארען מיט פינף און צוואנציג הונדערט יאהר צוריק.

נחמיה האט סנבלט'ן ארויסגעטריעבען פון בית־המקדש, און אונזער נחמיה—דר. מאגנעס, האט פער־יאגט דעם אסימילאטארישען טראסטי פון טעמפעל „עמנואל". דאס איז א זיעג פון „למאור". און מיר האפען, אז דער „למאור" וועט אין די טעמפלען ווע־רען אזוי שטארק, אז אנשטאט דעם אסימילאטארי־שען שטערן וועט שיינען די נאציאנאליסטישע זונן אויף דעם אידישען הימעל און מיר זאלען שוין ניעמאלס בעדארפען „כתית" צו אונזער „למאור".

# תשא

## די פילאָזאָפישע בעדייטונג פון דעם עגל־הזהב. די ערקלעהרונג איבער „רד כי שחת" און די פונדאַמענטאַלע פּרינציפּען פון יודענטהום.

## דער עגל הזהב.

„וירא העם כי בושש משה לרדת מן ההר, ויקהל העם על אהרן ויאמרו אליו, קום ע ש ה לנו אלהים אשר ילכו לפנינו, כי זה משה ה א י ש אשר העלנו מארץ מצרים לא ידענו מה היה לו"...

„וידבר ד' אל משה, לך ר ד כי שחת עמך אשר העלית מארץ מצרים" (שמות ל"ב).

„רבותינו אמרו: בא שטן וערבב את העולם, והראה להם, כמו מ ש ה ת ל ו י מ ן ה א ר ץ ו מ ט ת ו ב א ו י ר".

(תנחומא).

און ווען דאָס פאָלק האָט געזעהען, אַז משה האָט זיך פערזאַמט אַראָבצוגעהן פון באַרג, האָבען זיי זיך

פערזאמעלט פאר אהרן'ען און האבען צו איהם אזוי געזאגט: „שטעה אויף, מאך פיר אונז געטער, וועלכע זאלען געהן בעפאר אונז, ווייל מיר ווייסען ניט וואס איז געווארען מיט דעם מענש משה, וועלכער האט אונז פון מצרים ארויסגענומען"...

און גאט האט גערעדט צו משה'ן: „געה, נידער אראפ (לאז זיך ארונטער צו זיי), ווייל דיין פאלק איז פערדארבען געווארען".

אונזערע געלעהרטע האבען געזאגט: „עס איז געקומען דער שטן און האט צומישט די וועלט; ער האט געוויזען, אז משה איז אויפ־געהויבען געווארען פון דער ערד און זיין בעט איז אין דער לופטען".

א וואהרע אידישע טעאלאגישע ערקלעהרונג בע־קומען מיר פון דער געשיכטע וועגען דעם עגל הזהב— דאס גאלדענע קאלב. — מיר לערנען דא דעם וואהרען פרינציפ פון תורת משה, אז דער עיקר איז טהאט, און ניט נור גלויבען: ווירקליכע מעשים, אבער קיינע פא־נאטישע שווערמעריי... תורת משה האט ניט צו טהאן מיט דעם מענשען'ס גלויבען, זי צווינגט איהם ניט און בעפעהלט איהם ניט ער זאל אזוי גלויבען אדער ניט גלויבען: „האמן ואל תאמין", נור זי זאגט איהם אן און בעפעהלט איהם שטרענג טהו, און טהו ניט — „עשה, ולא תעשה". אונזער תורה איז א תורת חיים,

זי האָט בלויז צו טהאָן מיט דעם לעבען פון די לעבע־דיגע אויף דער וועלט; איהרע אַלע מצוות און משפטים זיינען געגעבען געוואָרען פון דעם לעבעדיגען גאָט צו אַ לעבעדיגעם פאָלק צו פערבעסערען, פער־לייכטערען און בעגליקען זיין לעבען אויף דער לעבעדי־גער וועלט: „וחי בהם ולא שימות בהם!”, און ער זאָל לעבען דורך דיזע מצוות, אָבער ניט צו שטאַרבען דורך זיי, לערענט אונז דער תלמוד.

„למען יטב לך”, „למען יאריכון ימיך”, „ונתתי מטר ארצך בעתו”, ונתתי עשב בשדך לבהמתך ואכלת ושבעת”.

„אום עס זאָל דיר גוט זיין”, אום דו זאָלסט לאַנג לעבען”, „און איך וועל געבען רעגען אויף דיין לאַנד אין דער צייט”, „און איך וועל געבען גראָז אין דיין פעלד פיר דיינע פיה און דו וועסט עסען צו זאַט”, — דאָס זיינען די הבטחות פון אונזער תורה צו איהרע אנהייגגער, זי פיהרט זיי ניט אַוועק אין אַנדערע וועל־טען, זי צווינגט זיי ניט ווי אַנדערע רעליגיאָנען צו גלויבען אין איבערנאַטירליכע, אונגלויבליכע געגענ־שטענדען, ווייל דאָס איז נעגען די געזעצען פון לעבען. עס איז אונמעגליך צולייגען פעפער צום גומען און זאָ־גען: „עס זאָל דיר זיין זים”, ווערהענד דער געשמאַק ענטפערט: „עס איז ביטער”. מיר קענען ניט הייסען די אויגען, ווען זיי קוקען אויף אַ שוואַרצען געגענ־שטאַנד, זיי זאָלען איהם אַנערקענען פיר וויים; דאָס

זעלבע קענען מיר ניט אונזערע געהירען מאכען גלויבען אין א זאך, וואס לאזט זיך פארט ניט גלויבען.

ניט אומזיסט האט דער מאיעסטעטישער דיכטער אויסגעשפראכען זיך וועגען דער תורה: „עץ חיים היא למחזיקים בה". זי איז א לעבענסבוים פיר איהרע אנהייננער. זי איז א לעבענס־קוואל און עס פליסט לעבען פון יעדעם ווארט; זי פאדערט ניט דעם טויטען גלויבען, נור די לעבעדיגע טהאט און דעם געזונטען פערשטאנד; זי זאגט ניט: „גלויב אין גאט!" נאר: „דע את אלהי אביך" — וויים, לערען און שטודירע, וועסט דו פערשטעהן דעם גאט פון דיינע עלטערען, אדער: „וידעת היום" — און דו זאלסט פריהער וויסען און פערשטעהן, דאן וועסט דו פיהלען אין דיין הארץ, אז גאט איז דער איינציגער גאט אויף'ן הימעל און אויף דער ערד.

דאס פאלק איז דאן נאך ניט געווען גענוג רייף צו פערשטעהן און שעצען אזא תורה, וועלכע זאל נור פערהאנדלען ערדישע געגענשטענדען; דאס פאלק איז נאך געווען אנגעזויגען מיט עגיפטישע לעהרען, מיסטישע און פאנטאסטישע זאגעס און אוראלטע אבער־גלויבונגען האבען נאך אנגעפילט זיינע געהירען. די דאמאלסדיגע אידען האבען ניט געקענט בעגרייפען, אז משה איז א מענש גלייך מיט אלעמען, אז גאט וויל נור זיי גוטעס טהאן און אז פיר זיך פערלאנגט ער גאר ניט.

כל־זמן משה איז געווען מיט זיי צוזאמען, האָט ער זיי אָבגעהאַלטען פון די נאַרישע פאַנטאַזיעס. דער שטן — אַבערגלויבען און שווערמעריי, האָבען ניט געהאַט קיין שליטה איבער די אידען, ווייל טאָג־איין טאָג־אויס האָבען זיי געזעהען אין זייער לאַגער דעם געטליכען פיהרער זייערען, וועלכער האָט געלערענט מיט זיי צוזאַמען און מיט זיין הויכער פערנונפט האָט ער זיי אָבגעהאַלטען פון טהאָן נאַרישקייטען און שלעכ־טעס, ווי אַ גוטער פאָטער זיינע קינדער.

אָבער ווי נאָר „וירא העם כי בשש משה לרדת מן ההר״, דאָס פאָלק האָט געזעהען, אַז משה האָט זיך פערזאַמט אַראָבגעהן פון באַרג, האָט זיך די אַבערגלוי־בישע נאַרישע פאַנטאַזיע צושפּיעלט, און דער שטן פון פאַלשע פאַנטאַזיעס און שווערמעריי האָט זיך אַריינגעחאַפּט אין די מוחות און אין די הערצער פון פאָלק, האָט צומישט זייער פערשטאַנד און האָט זיי פאָרגעשטעלט זעהר אַ רייכעס צויבערהאַפטעס און פאַנטאַסטישעס בילד: משה איז אויפגעהויבען פון דער ערד און זיין בעטעל איז אין דער לופטען. — דאָס הייסט, משה איז ניט קיין געוועהנליכער שטערב־ליכער מענש מיט זיי גלייך, נור ער איז העכער פון זיי. ער וועט שוין אויך מעהר ניט זיין מיט זיי, ווייל גאָט האָט איהם צוגענומען צו זיך.

עלענד זיינען זיי געבליעבען אויף דער ערד, גאָט איז אויף׳ן הימעל, משה׳ן, זייער גוטען און גרויסען

פארשטעהער, האט ער אויך צוגענומען צו זיך. וואס זאלען זיי יעצט טהאן? — זיי האבען זיך פערזאמעלט פאר אהרן'ען און האבען צו איהם געזאגט: „שטעה אויף! מאך אונז געטער, וועלכע זאלען געהן בעפאר אונז — ניט אויף דעם הימעל — ווייל מיר ווייסען ניט וואס עס איז געווארען מיט דעם מענש משה, וועלכער האט אונז פון מצרים ארויסגענומען". אהרן האט גע־מוזט ערפילען זייער וואונש און מאכען זיי לכל הפחות איין גאט — דאס גאלדענע קאלב. און ווייל אין מצרים זיינען זיי נאך געוואהנט געווארען זעהן א פערגעטער־טען אָקס — „אפיס", האבען זיי זיך געמאכט א גאל־דענעם עגל.

„און גאט האט גלייך געזאגט צו משה'ן „לך רד", געה, נידער אראפ, לאז זיך ארונטער צו זיי, ווייל דיין פאלק איז נאך פערדארבען, עס וויל אויפוועקען אין זיך די פערדארבענע בעגריפען פון מצרים".

משה איז ארונטער. זעהענדיג דעם עגל מיט די ווילדע טענץ, האט ער א ווארף געטהאן די הייליגע לוחות און האט זיי צובראכען. ער האט אנערקענט, אז דאס פאלק איז נאך ניט פעהיג צו פערשטעהן די געטליכע לעהרע פון „לא תעשה לך פסל וכל תמונה". דאס פאלק קען נאך ניט פערשטעהן דעם וואהרען, ריינעם און גייסטיגען גאט.

נאכהער האט ער צובראכען דעם עגל, דאס הייסט ער האט מיט זיין געטליכער לעהרע פערניכטעט דעם

אבערגלויבען אין עגיפּטישען אפּיס. ער האָט איהם פערניכטעט אין פייער, ער האָט איהם צומאָהלען און האָט פערשפּרייט זיין אַש אויף דעם וואַסער און האָט מיט דעם וואַסער אָנגעטרונקען די בני ישראל, דאָס מיינט, יעדער איינציגער האָט פערניכטעט דעם עגל און האָט פערשטאַנען, אַז דאָס איז אַ פינסטערער אבערגלויבען און נאַרישקייט. — ערשט דאַן האָט ער זיי ווידער די לוחות געגעבען.

און ניט נור די אידען אין דער מדבר האָבען גע־מאַכט דעם עגל, נור אַלע שווערמער און פאַנאַטיקער האָבען געמאַכט און מאַכען דעם עגל נאָך עד היום: די קריסטען, שבתי צבי, פראַנק און נאָך אַנדערע, וואָס האָבען געזעהען משה׳ן אויפגעהויבען פון דער ערד און מיט זייער רעליגיאָן האָבען זיי געהאַט צו טהאָן נור אין אַ הימעלשען קעניגרייך, אין אַ „מלכות השמים". זיי האָבען אוועקגעשטעלט די פּרינציפּען פון זייערע טעאָלאָגישע לעהרען נור אויף דעם טויטען גלויבען און ניט אויף לעבעדיגע טהאַטען, — אַט די אַלע שווערמער האָבען געמוזט מאַכען דעם עגל, ווייל זיי זיינען געבליעבען אָהן אַ פונדאַמענט אויף דער ערד.

דאָס איז בית־אל מיט זיינע קעלבער, דער קאטאָ־ליציזמוס מיט זיינע בילדער; דאָס איז אַלעם דעם שטן'ס ארבייט וואָס האָט אויפגעהויבען משה'ן פון דער ערד און האָט אוועקגעשטעלט די רעליגיאָן נור אויף מדרש און ניט אויף מעשה.

אָבער אונז האָט דער פּראָפעט מיכה אָנגעזאָגט: „מה ד' דורש ממך כי אם עשות משפט", אז גאָט פאָ־דערט פון מענשען נור טהאָן גערעכטיגקייט.

און דער תלמוד לערענט אונז: „לא המדרש עיקר אלא המעשה!".

# ויקהל

„ויאמר משה אל בני ישראל, ראו קרא ד׳
בשם בצלאל בן אורי בן חור למטה יהודה
וימלא אותו רוח אלהים בחכמה,
בתבונה ובדעת ובכל
מלאכה" (שמות ל"ה).

„כל תורה שאין עמה מלאכה סופה בטלה".
(אבות).

א ניעדעריגען און פינסטערען בעגריף האט דער גלות בעשאפען ביי אונזערע אידען וועגען ארבייט און ארבייטער. ווער פון אונז ווייסט דאס ניט, אז דער שניידער, דער שוסטער און דער שמיעד איז געוועזן א פלעק און א שאנדע פיר זיין פאמיליע? עס איז געוועזן פיעל לייכטער איבערצוטראגען די שאנדע פון א מופקר א הולטיי און א פערדארבענעם אונמאראלישען מענשען, אבי נור א ליידיג-געהער, א „בעל-הבית'שער" גאר־ניט — ווי האבען א שניידער אדער א שוסטער אין דער פאמיליע!

„אין מיין גאנצער משפחה איז ב"ה ניטא קיין איין בעל־מלאכה!" האט זיך שטאלץ מיין עלטער־באבע גערימהט אימער מיט איהר יחוס.

„וואס וועט זיין פון דיר, שייגעץ איינער? וואס וועט זיין פון דיר דער תכלית? איך וועל דיך אבגעבען צו אליה־מאיר דעם שניידער אדער צו בעריל דעם שוסטער, דו וועסט זיך נעהמען צו דער שער אדער צו דער אהל, אויב דו וועסט ניט וועלען לערנען!".

אזא פזמון פלעגט אימער מיין מאמע, זאל זיך מיהען, אבהאלטען פאר מיין אינגערען ברודער, וועל־כער איז געווען א לעבעדיגער, קלוגער אינגעל און האט נעבאך זעהר ניט געוואלט לערנען.

„עס איז מיר בעסער צו געהן צום שניידער אדער צום שוסטער איידער געהן לערנען ביי אברהם יצחק דעם הויכען און דארען מלמד, וואס קנייפט מיך מיט זיינע דארע פינגער און רייסט פון מיר אוים שטיקער לייב".

אזוי האט מיין ברודער געענטפערט מיט אן אונ־שולדיגען שמייכעל.

„אך און וועה צו מיר, ר' פנחס'לם דעם מירערם טאכטער, וואס איך האב דערלעבט צו הערען פון מיין קינד. ער וויל גאר ווערען א בעל־מלאכה און מיר פערשווארצען מיין משפחה". — האט מיין מוטער אויסגעשריען מיט א יאמערליכען געוויין פון איהר טיעפען הארצען.

אזעלכע געשפּרעכען האָט יעדער פון אונז געהערט אין זיינע קינדערשע יאָהרען אין זיין שטעדטעל פון וואַנען ער איז.

קיינער פון אונז האָט ניט געזעהען, אַז אַן אַר־בייטער זאָל שטעהן אין שוהל אין מזרח־זייט, אַ בעל־מלאכה האָט קיינמאָל אין זיין לעבען ניט פערזוכט דעם טעם פון „שלישי״, „ששי״ אָדער „אחרון״.

אין דעם אַלטען ווילנער פּנקס איז פערשריעבען, אַז מען האָט אַמאָל אַוועקגעשטעלט אַ שניידער אין קונע דערפאַר, וואָס זיין פרוי האָט זיך ערלויבט אָנ־צוטהאָן אַ זילבערנעם קאָלנער אויף איהר האַלז, וואָס עס קומט נור דער רבי'צין אָדער דער גבירה פון שטאָדט.

דער אַרבייטער האָט געמעגט זיין רייך, האָט איהם דאָס געלד גאָר ניט געהאָלפען. די גזועלשאַפט האָט פון איהם געוויכט, ווייל אַ בעל־מלאכה בלייבט אַ בעל־מלאכה.

יעצט וועל איך שטעלען די פראַגען: שטאַמט דיזער נאַרישער אומגעלומפּערטער בעגריף פון יודענ־טהום? איז די אַרבייט געווען אַ שאַנדע אַמאָל אויך אין דער צייט פון די נביאים אָדער פון די תנאים?

לאָמיר זעהען:

דער ערשטער אַרבייטער, וועמעס נאָמען עס ווערט דערמאָהנט אין דער תורה, איז **בצלאל**. און

איהם האָט די תורה געקרוינט מיט א טיטעל, ווי איי־
נעם פון די גרעסטע נביאים, נעמליך:

„וימלא אותו רוח אלהים בחכמה בתבונה ובדעת ובכל מלאכה".

„און גאָט האָט איהם בעשאַנקען מיט דעם געט־
ליכען גייסט, מיט קלוגהייט, פערנונפט און וויסענ־
שאַפט אין אַלע ארבייטס־פאַכען".

אזא פרעכטיגען אטעסטאט, אזא דיפלאָם, האָט
אויסער משה'ן נאָך קיין מענש ניט בעקומען פון גאָט
אליין, נור בצלאל דער ארבייטער.

דער אידישער קעניגליכער דיכטער האָט זיך
אויסגעדריקט וועגען דעם ארבייטער מיט דיזע ערהאַ־
בענע ווערטער:

„יגיע כפיך כי תאכל
אשריך וטוב לך".

„אָ, ארבייטער! ווען דו ערנעהרסט זיך פון דיי־
נע צעהן פינגער, וואויל און גוט איז דיר!".

און דער תלמוד ערקלעהרט דעם פסוק אזוי:

„גדול הנהנה מיגיע כפיו יותר מירא שמים, דאלו גבי ירא שמים כתיב אשרי כל ירא ד', וגבי נהנה מיגיע כפו כתיב אשריך וטוב לך!".

דאָס הייסט: אז דער ארבייטער שטעהט פיעל
העכער פון דעם ירא שמים, ווייל ביי דעם צווייטען

שטעהט נור געשריעבען דאָס וואָרט „אשרי" און ביי דעם ערשטען שטעהט „אשריך וטוב לך".

די אַרבייט איז געווען געשעצט און געאַכטעט ביי דעם אוראַלטען אידען, ער האָט אויף איהר געקוקט מיט אַן אינטערנאַציאָנאַלען און קאָסמאָפּאָליטישען בליק. און ווען שלמה המלך האָט געבויט דעם ערשטען בית־המקדש, די קרוין פון יודענטהום, האָט ער געשיקט נאָך דעם קופּער־שמיעד חירם פון צור. און חירם דער ניט־איד האָט עס געמאַכט די גאַנצע אַרבייט, וואָס דער היסטאָריקער בעשרייבט אין מלכים מיט דיזע ווערטער:

„וישלח המלך שלמה, ויקח את חירם מצור — ואביו איש צורי חרש נחושת, וימלא את החכמה ואת התבונה ואת הדעת לעשות כל מלאכה מנחושת. ויבא אל המלך שלמה ויעש את כל מלאכתו".

דער פּרינץ פון די נביאים, ישעיה בן אמוץ, דער־מאָהנט דעם „חכם חרשים", דעם קינסטלער־אַרבייטער, גלייך מיט דעם נביא און דעם שופט.

אין דעם הייליגען יום־טוב שבועות, ווען דאָס פאָלק האָט געבראַכט די „בכורים" אין ירושלים, פלעגען אַרויסגעהן מקבל־פּנים־זיין די געסט דער קעניג, די מיניסטאָרען און די אַרבייטער.

„אהב את המלאכה ושנא את הרבנות", — האָב

ליעב די ארבייט, און האס די רבנות, לערנט אונז דער תלמוד.

„יפה ת"ת עם דרך־ארץ שיגיעת שניהם משכחת עון, וכל תורה שאין עמה מלאכה סופה בטלה".

רבן גמליאל, דער אידישער פירסט, לערנט אונז: „עס איז גוט תורה מיט ארבייט, ווייל צוזאמען האל־טען זיי אפ דעם מענשען פון זינד, און תורה אהן מלאכה מוז בטל ווערען".

ווי הויך און געשעצט איז געווען די ארבייט ביי די אידען, אזוי נידעריג און פערהאסט איז זי געווען ביי די גריכען און די רוימער. די גריכישע פילאזאפען פלאטאן און אריסטאטלעס האבען געלערנט, אז די רע־גיערונג זאל ניט געבען קיין בירגער־רעכטע צו „די שמוציגע און די נידעריגע אין דער געזעלשאפט", ווי זיי האבען אנגערופען די ארבייטער.

די רוימער האבען נאר געשטאלצירט מיט זייער מיליטערישען אדעל. זיי האבען שרעקליך אונטער־דריקט די ארימע ארבייטער און האבען זיי בעלעס־טיגט מיט פערשיעדענע שטייערען.

**אין דער** זעלבער צייט פסק'עט דער תלמוד א דין, אז אן ארבייטער האט די פריווילעגיע און די פריי־הייט אוועקצוגעהן פון זיין ארבייט ווען ער וויל. דער בעל־הבית אבער האט ניט קיין רעכט צו פערהאלטען זיין לוין.

„פועל יכול לחזור אפילו בחצי היום" (ב"ק, קט"ז ע"ב).

דער תנא רבי יוחנן בן מתיא, דערצעהלט אונז דער תלמוד, האָט געשיקט זיין זוהן דינגען אַרבייטער פיר איהם. דער זוהן איז געגאַנגען און האָט געדונגען אַרבייטער און האָט זיי פערשפּראָכען צו געבען עסען ביי זיין טיש. ווען דער תנא האָט דאָס דערהערט, האָט ער צו איהם געזאָגט: „מיין קינד, ווען דו וועסט פיר זיי אַפילו מאַכען סעודות ווי שלמה המלך אין זיין צייט וועסטו אויך ניט יוצא־זיין. דו מוזט אימער געדענקען, אז זיי זיינען די קינדער פון אברהם, יצחק ויעקב" (בבא מציעא דף פ"ג).

רבה בר בר חנא האָט אַ מאָל געדונגען טרעגער זיי זאָלען ברייגנען אַ פאַס וויין. דורך אַ צופאַל האָבען די טרעגער צובראָכען דאָס פאַס און אויסגעגאָסען דעם וויין, האָט ער פאַר דעם שאַדען צוגענומען זייערע זאַכען. די טרעגער האָבען זיך בעקלאָגט פאַר רב'ן, האָט ער גלייך געהייסען רבה'ן אָבגעבען זיי די קליידער און בעצאָהלען פיר דעם טאָג אַרבייט.

„איז דער דין אַזוי?", פרעגט רבה ביי רב'ן ערשטוינט.

„יא" — ענטפערט רב — „עס שטעהט געשריבען אין משלי: „למען תלך בדרך טובים וארחות צדיקים תשמור", דאָס הייסט „דו מוזט געהן אין דעם

וועג פון גערעכטע מענשען און זייערע זיטען מוזטו אָבהיטען" (ב"מ דף פ"ו).

„וחי אחיך עמך" — און דיין ברודער זאָל לעבען מיט דיר. דער תלמוד איז מפרש דאָס וואָרט „עמך"— מיט דיר גלייך ביים עסען, ביים טרינקען און ביי אַלעם. דאָס הייסט, דו זאָלסט ניט עסען קיין זעמעל און ער שווארצען ברויט; דו זאָלסט ניט שלאָפען אין אַ בעט און ער, דער אָרימער אַרבייטער, אויף דער ערד. ניין! דאָס טאָר ניט זיין: ער מוז לעבען גלייך מיט דיר. און דאָס מיינט דאָס וואָרט „עמך".

צווישען די תנאים און די גרויסע אידישע גע־לעהרטע זעהען מיר זעהר פיעל אַרבייטער, ווי רבי יוחנן דער שוסטער, רבי יצחק דער שמיעד און נאָך אַנדערע.

שטאָלץ מעגען זיין אונזערע אידישע אַרבייטער מיט אונזער תורה און אונזער רעליגיאָן, וועלכע זיינען פול מיט אַרבייטער־פריינדשאַפט, פיעל מעהר פון די זאָגענאַנטע „אַרבייטער פריינד", וועלכע וואַרפען שמוץ אויף אונזער תורה מיט דער פיער־טויזענד־יאָה־ריגער טראַדיציאָן, ניט לערנענדיג און ניט וויסענדיג דעם אינהאַלט פון איהר.

**אַרבייטער, רעספּעקטירט די תורה, וועלכע רעספּעקטירט די אַרבייטער!**

# ויקהל

„די היסטאָריע ווידערהאָלט זיך זעלבסט". — מעהר פון דריי טויזענד יאָהר צוריק זיינען אונזערע אור־עלטערן בעפרייט געוואָרען פון שקלאַפעריי אין מצרים און זיך אַרומגעדרעהט אין מדבר פערציג יאָהר צייט. זיי זיינען געוועזן פול מיט שטרעבונגען און האָפ־נונגען צו בעקומען זייער היסטאָרישעם לאַנד, ארץ העברים (ווי יוסף האָט דערצעהלט דעם שר המשקים: „כי גנב גנבתי מארץ העברים"). געהענדיג אין דער וויסטעניש ווייט פון ישוב, ווייט פון קולטור און ציוויליזאַציאָן, איז דער גרויסער געטליכער קינסטלער בצלאל בן אורי בן חור ערשיענען ווי אַ ליכטיגע זון פיר זיין נאַציאָן. ער האָט געעפענט די אויגען פון זיין פאָלק, זיי זאָלען זעהען שעהנע טעכניק, קינסטלערישע אַרבייט אין דעם הייליגען „משכן" — אין דעם טעמפעל פון דער אַרומוואַנדערענדער נאַציאָן. דורך דער קונסט האָט ער אין זיי ערוועקט אַ פרייען גייסט, און זיי האָבען אָנגעפאַנגען זיך בעפרייען פון דעם שקלאַפען־גייסט, וואָס איז איינגעוואַקסען אין זייער נאַטור אין זייער לאַנגען, פינסטערען גלות־מצרים. כל־זמן זיי זיינען געוועזן שקלאַפען, האָט זיי קונסט ניט גע־קענט אינטערעסירען, זיי האָבען זי ניט פערשטאַנען, זיי האָבען קיין אַהנונג ניט געהאַט פון קונסט. זיי האָבען קיין געפיהל צו שעהנקייט ניט געקענט האָבען — מקוצר רוח ומעבודה קשה, אין דעם פינסטערען שקלאַפען־לעבען, ביי שווערע אַרבייט אָהן עטוואָס רוהע,

איז קונסט א גאנץ איבעריגע זאך. בצלאל בן אורי (זוהן פון ליכט) בן חור (זוהן פון פרייהייט) האט בע־פרייט זייערע נשמות און האט בעלויכטען זייער נייעם וועג — מעבדות לחירות. דארום האט דאס איהם די תורה ארויסגעגעבען דעם שעהנעם אטעסטאט און איי־ביגען דיפלאם: „וימלא אותו רוח אלהים בחכמה, בתבונה ובדעת ובכל מלאכה".

די זעלבע ערשיינונג זעהען מיר היינט, אין אונ־זער צייט. נאך צוויי טויזענד יאהר וואנדערען און פערשקלאפטען גלות־לעבען אין אלע לענדער פון דער גרויסער וועלט, אונטער דעם יאך פון פערשיעדענע נאציאנען, אבגעריסען פון דער מוטער־נאטור, ווייט, זעהר ווייט פון שעהנע קונסט, — אין דיזען פינסטע־רען צושטאנד איז אין אונז ערוועקט געווארען דער נאציאנאלער גייסט מיט אלט־נייע שטרעבונגען וויע־דער אבצולעבען און צו קעמפפען ווייטער פיר אונזער הייליגע היסטארישע לאנד, וואס איז דורך די פיעלע חורבנות פערוואנדעלט געווארען אין א מדבר, אין א גרויסען שרעקליכען בית־עולם פול מיט קברים, מיט אן אלטען איבערגעבליעבענעם הייליגען מאנומענט— דער „כותל המערבי" פון די גרויסע שווארצע שטיי־

נער — אַ סימבאָל פון פערניכטונג און פערוויסטונג, אָהן אַ שפור פון קונסט און שעהנקייט.

ווי אַמאָל אין יענעם מדבר איז דער געטליכער קינסטלער בצלאל ערשיענען און האָט בעשאַפען אַ נייע עפּאָכע אין דער אידישער קולטור, אַזוי אויך היינט האָט דער נאַציאָנאַלער גייסטרייכער קינסטלער פּראָפ. באָרים שאַץ געגרינדעט די שולע אין ירושלים מיט דעם נאָמען „בצלאל", דורך וועלכע ער האָט בעשאַפען אַ נייע עפּאָכע אין ארץ ישראל: פון די אומגליקליכע חלוקה־יונגע־לייט וויל ער קינסטלער מאַכען, און זיי זאָלען פּראָדוצירען אידישע קונסט.

# פקודי

## דאָס אומגליק פון פערשטעלען זיך, פון שפּיעלען די ראָליע אַלס „מענש" און „איד" אין צוויי פערשיעדענע פאָרמען.

## די פערמאַסקירטע.

„ובהעלות הענן מעל המשכן יסעו ב נ י
י ש ר א ל בכל מסעיהם, ואם לא יעלה
הענן ולא יסעו עד יום העלותו, כי ענן ד'
על המשכן י ו מ ם ואש תהיה לילה בו
לעיני כל בית ישראל בכל מסעיהם".
(שמות מ').

וואויל און גוט איז דעם מענשען, וואָס קען זיך ווייזען פאַר דער וועלט ווי ער איז, אָהן מאַסקעס און פערשטעלונגען. טרויעריג און פינסטער איז אָבער דער שיקזאַל פון דעם מענשען, וואָס זיין אַרט לעבען צווינגט איהם זיך פערשטעלען, זיך פערמאַסקירען, כדי מען זאָל חלילה ניט דערקענען, ווער ער איז און

וואָס ער איז. ער מוז זיין גאַנצען לעבען זיין אַ דור־פּרצופים'ניק, אַ צוויי פערשיעדען פּנים'דיגער.

מיר האָבען נאָך קיינמאָל אין אונזער לעבען ניט געהערט, אַז פראַנצויזישע, דייטשע אָדער ענגלישע דיכטער זאָלען זינגען צו זייער פאָלק אין אַזאַ נוסח:

„זיי אַ מענש אין גאַס
און אַ דייטש צו הויז".

אָדער:

„זיי אַ מענש אין גאַס
און אַ פראַנצויז צו הויז".

ווען די דיכטער פון די אומות־העולם וואָלטען דאָס טהאָן, וואָלטען זיי געלינטשט געוואָרען דורך זייערע אייגענע ברידער פאַר אַזאַ בעליידיגונג, ווי די שווארצע ניגערס אין די סאָוטה פון די פעראייניגטע שטאאטען, ווען זיי בעליידיגען די ווייסע בירגער...

און פון אונזער גרויסען דיכטער און אונשטערבליכען פּאָעט, יהודה ליב גאָרדאָן, האָבען מיר געהערט אַזאַ זמר:

„היה אדם בצאתך
ויהודי באהלך".

דאָס הייסט:

„זיי אַ מענש אין גאַס
און אַ איד צו הויז".

אָ, הימעל! וויפיעל בעליידיגונג און ערניעדער־רונג, וויפיעל שפּאָט און שאַנדע עס ליגט אין דיזען אויסדרוק, וועלכער טהיילט־אָב דעם יהודי פון אדם, דעם אידען פון מענש. עס קומט גאָר אויס, אז דער קאָנטראַסט פון דעם תלמודישען אויסדרוק: „אתם קרואים אדם ולא הם קרואים אדם", דאַרף נאָך אונזער פּאָעט'ס מיינונג זיין פונקט פערקעהרט: „הם קרואים אדם ולא אתם קרואים אדם".

דאָס הייסט, אַלע פעלקער, אַלע נאַציאָנען זיינען מענשען, נור מיר אידען זיינען ניט קיין מענשען. מיט אַנדערע ווערטער: אונזער אונמענשליכקייט, דאָס הייסט, דאָס יודענטהום, זאָלען מיר האַלטען פערשפּאַרט אין הויז, און אין גאַס זאָלען מיר אָנטהאָן מאַסקעס און פערשטעלען זיך כלומר'שט פאַר מענשען.

אָ, אָרימע אונגליקליכע מאַסקענטרעגער! שלימזל'דיגע צוויי־פּנים'דיגע ברואים! נידעריגע פערשטעלטע דו־פּרצופים'ניקעס! ווי שרעקליך איז אונזער לאַגע!

ווען אונזער הייליגער געזעצגעבער, משה בן עמרם, וועלכער האָט אונז געגעבען אין גאָט'ס נאָמען אין זיין תורה דעם טיטול: „רק עם חכם ונבון הגוי הזה", דאָס הייסט „די נאַציאָן איז אַ קלוגע און פערשטענדיגע", ווען דיזער גרויסער, אונשטערבליכער מאַן וואָלט יעצט אויפשטעהן פון זיין קבר און זעהען און

לעזען, ווי דער קלוגער און פערנינפטיגער נאציאָנאַ־
לער דיכטער טיילט פונאנדער די צוויי בעגריפען פון
איד און מענש, וואָס פאר א שרעקליכען איינדרוק עס
וואָלט מאכען אויף איהם!

דיזער נארישער בעגריף פון קענען אָבטהיילען
דעם אידען פון דעם מענשען האָט ביי אונז בעשאַ־
פען זאָנדערבארע נעמען, וועלכע קיין נאציאָן אין דער
וועלט קען זיי צומאָל ניט בעגרייפען. האָט איהר ווען
געהערט אין אייער לעבען, מענשען זאָלען זיך רופען
מיט די נעמען: „פראנצוויזישע דייטשען", „דייטשע
פראנצויזען", „איטאליענער טערקען", „טערקישע רו־
סען" אָדער „רוסישע ענגלענדער"? איך בין זיכער
און פעסט איבערציינט, אז איהר האָט אזעלכע נעמען
קיינמאָל ניט געהערט.

און מיר בני ישראל, דער „עם הנבחר", האָבען
ערפונדען נייע מינים, נייע סאָרטען ברואים מיט זאָנ־
דערבארע אונטערגעשלאָגענע נעמען: דייטשע
יהודים, רוסישע אידען, פּאָלנישע איזראעליטען,
און ז. וו.

איבערהויפט קלינגען די נעמען זעהר ווילד און
בארבאריש דאָ, אין די געבענשטע פרייע פעראייניגטע
שטאאטען — אין אמעריקא. דאָ, אין דיזער הערלי־
כער גרויסער רעפובליק, וועמעס קאָנסטיטוציאָן בע־
פרייט איהרע נייע בירגער פון זייערע אַלטע פער־

שקלאפטע קייטען, פון דעם יאך פון מאנארכען מיט אלע געקרוינטע קעפ; דא, אונטער דער שוץ פון דער ליעבער און מעכטיגער פאהן פון די ליכטיגע שטערען און הערליכע שטרייפען — דא זיך צוטיילען אויף הונדערטער טיילען נאך אונזערע געבורטס־לענדער, שטעדט און שטעדטלאך? — ניין, מיינע ברידער! דא זיינען מיר ניט קיין דייטשען, רוסען און עסטרייכער; דא זיינען מיר אלע גלייכע אידען, מיט גלייכע רעכטע, וועלכע מיר האבען ערווארבען, און מיר האבען דאס גליק זיך צו רופען אמעריקאנער בירגער!

פערפלוכט זאל זיין די נאכקרימונג (חקוי), וועלכע האט בעשאפען די נארישע אסימילאציאן, זי האט אונז פערביטערט און פערפינסטערט דאס לעבען, זי האט אונז געמאכט פאר גייסטיגע קריפעלס, וועלכע זיינען נור פאסיוו — „נפעלים" און קיינמאל ניט אקטיוו — „פועלים". מיר אליין האבען ניט און זיינען ניט פעהיג צו האבען אן אייגענע ווילענס־קראפט, נור מיר מוזען אימער אין אלעם נאכאהמען, נאכמאכען די נאציאנען, צווישען וועלכע דער שיקזאל האט אונז צופעליג אריינגעשליידערט. די אסימילאציאן האט אונז געמאכט פיר פערשטעלטע דייטשען, פראנצויזען, רוסען און זאגאר פאליאקען, אבער קיינע אידען, אפילו צו הויז אויך ניט. דער סך־הכל איז, אז מיר זיינען געווארען ניט קיין מענשען און ניט קיין אידען, נור כל מיני ברואים, פערשטעלטע און פער־

מאסקירטע אין פערשיעדענע מאסקעס מיט נארישע נאכאהמונגען.

איך וואלט וועלען פרעגען אונזערע זאגענאנטע אסימילאטארישע חכמים, וואס וואלטען זיי געטהאן, ווען זייערע עלטערען וואלטען דורך א צופאל געבוירען געווארען אין האטענטאטען־לאנד, אדער אין טיעף סיביר ביי די עסקימאסען, אדער ביי די קאלמיקען, וואס וואלטען זיי דאמאלס געטהאן? — וואלטען זיי דאן זיך אויך געקרווינט מיט דיזען ליעב־הארציגען נאמען: „האטענטאטען אדער קאלמיקען בני דת משה" ווי דער ווארשעווער „פאליאק וויזנאניא מאיזעשאוועגא"? — ווי דער „פאליאק" פון משה'ס גלויבען?!...

ווי דום און אונלאגיש דאס איז. ריכטיג ווי דער נאמען „ראובן" אדער „קארל", „פינחס" אדער „קאנראט" נעהמט ניט ארויס דעם מענשען פון דער מענשהייט, דאס זעלבע מאכט ניט דער נאמען „פראנצויז", „דייטש", „רוס" און „איטאליענער", קיין ווירקונג אויף דעם, וואס טראגט דיזען נאמען אין בעצוג צו דער מענשהייט אין אלגעמיין.

ווי נאריש וואלט געוועזן, ווען דער דיכטער וואלט זינגען צום ביישפיעל:

„זיי „ראובן" צו הויז
און א „מענש" אין גאס".

די זעלבע נאַרישקייט ליגט אין דער פראַזע:

„היה אדם בצאתך
ויהודי באהלך".

די רעפאָרמער, וועלכע האָבען געמאַכט רעפאָר־מען ביי אַלע נאַציאָנען אין אַלע צייטען ווערען איינ־געטהיילט פון דעם וויסענשאַפטליכען שטאַנדפונקט אין צוויי טיילען: ערשטענס — די גרויסע גבורים, די העלדען, צווייטענס — די חכמים, די געלעהרטע.

פּיאָטר דער גרויסער, אַלס גרויסער העלד, האָט געמאַכט גרויסע רעפאָרמען אין רוסלאַנד; די ענצי־קלאָפּעדיסטען, רוסאָ, וואָלטעיר און ד. גל., אַלס גרוי־סע געלעהרטע, האָבען געמאַכט רעפאָרמען אין פראַנק־רייך. די ערשטע, דאָס הייסט — די גבורים, האָבען רעפאָרמירט דאָס פאָלק פון אויסוועניג, און די צוויי־טע האָבען געמאַכט זייערע רעפאָרמען אינוועניג, אָדער ווען מיר זאָלען זיך אויסדריקען מיט דער שפּראַך פון פּאָעט, וועלען מיר אַזוי זאָגען: פּיאָטר, דער גרוי־סער רוס, האָט רעפאָרמירט רוסלאַנד **בצאתו**; וואָל־טעיר, דער גרויסער פראַנצויז, האָט רעפאָרמירט פראַנקרייך **באהלו**.

דער ערשטער סאָרט רעפאָרם איז געווען בלויז אַ פערשטעלונג: דורך נאָכאַהמונג און מאַסקעס האָט מען געוואָלט רעפאָרמירען דאָס פאָלק. מען האָט אָנ־געטהאָן די ליליפּוטען (גמדים), די קליינע מענשע־

לאך, קליידער פון גיגאַנטען (ענקים), פון ריעזען. לסוף בלייבען די ליליפוטען די זעלבע קליינע מענשע־לאך ווי זיי זיינען געווען, און די קליידער פאסען אויף זיי פונקט ווי דער פוילישער פאטריאָטיזמוס — די וואַרשעווער יהודים.

מיר אידען מוזען דעם ענן, דעם וואָלקען פון נאָכאַהמונג אראָבנעהמען פון אונזער משכן. דאָס הייסט, וואו מיר וואָהנען, דאָרט וועלען מיר געהן פאָרווערטס.

„ובהעלות הענן מעל המשכן יסעו בני ישראל בכל מסעיהם", ווען מיר וועלען דעם פינסטערען וואָלקען פון אסימילאציאָן ארונטערנעהמען פון אונז, מיר וועלען זיך ניט לאָזען רעפאָרמירען מיט דעם בצאתו, נור מיר וועלען אויפוועקען דעם אינערליכען אידישען נאַציאָנאַלען פייער פון באהלו, דאַן ואש תהיה לילה בו לעיני כל בית ישראל בכל מסעיהם, מיר וועלען זיין אידען בצאתנו ובאהלנו, אין גאַס און אין הויז און מיר וועלען אויסרופען דעם אַלטען אויסרוף:

חזק חזק ונתחזק!

# ויקרא

## מרדכי היהודי.

די היסטאָרישע בעדייטונג פון פּורים. — פאַרוואָס מרדכי האָט זיך ניט געוואָלט בוקען צו המן׳ען און וואָרום אסתר האָט ניט אויסגעזאָגט פון וואָס פאַר אַ פאָלק זי שטאַמט.

די געשיכטע פון פּורים, אָדער ווי זי רופט זיך „מגלת אסתר", האָט געהאַט אַ מערקווירדיגען מזל. אין דער צייט, ווען אייניגע קריטיקער זיינען אויף איהר אַרויפגעפאַלען מיט כעס און האָבען זיך געטשעפּעט צו איהרע הויפּט־העלדען, האָבען מאַנכע אידישע היסטאָריקער זי גאָר ניט אַנערקענט אַלס געשיכטע: זיי האָבען ערגעץ ניט געקענט געפינען ווער אחשורוש איז געוועזען און ווען דאָס האָט פּאַסירט. אונזער גרויסער היסטאָריקער גרעץ דערמאָנט קיין וואָרט ניט וועגען דער גאַנצער פּעריאָדע. ביי איהם אין די אויגען

האָט דאָס אפילו אַלס לעגענדע ניט פערדיענט קיין פּלאַץ אין דער „געשיכטע פון די אידען", ווערהרענד ער האָט אין אַנדערע פלעצער פיעל געבויט אויף אמת'ע לעגענדען, אויף בבא־מעשיות, וואָס האָבען זיך ארומגעטראָגען צווישען פאָלק.

פון די קריטיקער איז דער שאַרפסטער ישר רי־דזשיאַ אין זיין ספר „מפתח למגלת אסתר". דאָרט גיסט ער אוים זיין גאַנצע גאַל אויף מרדכי'ן, דערפאַר וואָס ער האָט זיך אַזוי איינגע'עקשנ'ט און האָט זיך ניט געוואָלט בוקען פאַר המן'ען און האָט דורך זיין נאַרישקייט געבראַכט אַ געפאַהר און אַ טויט־שרעק אויף זיך און אויף אַלע זיינע ברידער. אסתר ווידער האָט זיך אין די אויגען פון דיזען גרויסען קריטיקער שטאַרק פערזינדיגט, וואָס זי האָט באַלד פון אָנהויב ניט געזאָגט ווער זי איז און פון וואָס פיר אַ פאָלק זי שטאַמט.

ווער איז ער געוועזן דער אחשורוש? פרעגען די היסטאָריקער, וועלכע האַלטען ניט פון מגלת אסתר און פּסל'ענען זי דערפאַר אַלס געשיכטליכע פאַסירונג.

מיר קענען דאָרויף ענטפערן מיט אַן אַנדער פראַ־גע: וואָס איז אַזוינס געשיכטע? אויף וואָס איז זי מייסטענטיילס געבויט, אויב ניט אויף טראַדיציאָנען, וואָס געהען איבער פון מויל צו מויל, פון איין דור צום אַנדערען? — און אויב אַזאַ ערצעהלונג, וואָס

דאָס אַלטע אידישע פאָלק האָט אַריינגעפלאָכטען צוויי־שען זיינע הייליגע ספרים, איז קיין געשיכטע ניט; אויב די טראַדיציאָן, וועלכע זאָגט אָן, אז די טעג זאָ־לען בלייבען אלס אַנדענקען אין יעדען דור, ביי יעדער משפחה, אין יעדער מדינה און אין יעדער שטאָדט, און די דאָזיגע טעג פון פורים וועלען ניט אָבגעשאַפט ווערען פון די אידען און זייער אַנדענקען וועט ניט אָבשטאַרבען ביי זייערע קינדער און קינדס־קינדער (והימים האלה נזכרים ונעשים בכל דור ודור, משפחה ומשפחה, מדינה ומדינה ועיר ועיר, וימי הפורים האלה לא יעברו מתוך היהודים וזכרם לא יסוף מזרעם); אויב אַזאַ בעריהמטע פּאַסירונג, וואָס גיט־אויף דעם נאָמען פון דעם פּלאַץ וואו דאָס האָט גע־טראָפען, די נעמען פון די העלדען, וועלכע האָבען אין איהר געשפּיעלט אַ ראָליע, — אויב אַזאַ פּאַסירונג זאָל ניט האָבען קיין היסטאָרישע בעדייטונג, מוז מען קו־מען צום בעשלוס אַז אַלעס, די גאַנצע היסטאָריע פון דעם מענשליכען פּראָגרעס, איז ניט נור ליגען, נור האָט ניט קיין בעדייטונג, קיין פּראַקטישען ווערטה.

און די שאַרפקייט פון דעם קריטיקער רידזשיאָ איז אויך לייכט בייצוקומען. זיין פראַגע וועגען מרדכי׳ן איז קיין נייעס ניט — די תלמוד׳יסטען האָ־בען עס נאָך געפרעגט, אָט וואָס זיי זאָגען:

„וכי קנתרן היה מרדכי ועובר על גזרת המלך? אלא כשצוה אחשורוש להשתחות להמן חקק עבודה זרה על לבו ונתכוון

